# קאנסטיטושאן

— פון דיא —

# היברו פראגרעססיוו אסאסיאיישאן




געגרינדעט דען 26טען מאי, 1901

אין פערטה-אמבאי, נ. דז.

אינקארפארירט דען 5טען דזשון, 1902

אין ניו בראנזוויק, נ. דז.

דרוק פון אליקום צונזער, 156 איסט בראדוויי, ניו יארק.

# קאנסטיטושאן

— פון דיא —

# היברו פראגרעססיוו אססאסיאיישאן




גענרינדעט דען 26טען מאַי, 1901

אין פערטה-אַמבאָי, נ. דז.

אינקאָרפּאָרירט דען 5טען דזשון, 1902

אין ניו בראָנזוויק, נ. דז.

דרוק פון אליקום צונזער, 156 איסט בראדוויא, ניו יארק.

# אינהאלטס פערצייכניס.

## ארטיקעל 1.

### נאָמען, צוועק אונד שפּראַכע.

§ 1. דער פעראיין זאָל אונטער דעם נאַמען „היבראו פּראָגרעסיוו אססאָסיאוישאָן" אום פּערענ־דערליך בײשטעהן.

§ 2. דער צוועק דעם זעלבען איזט: גענגען־זייטיגע אונטערשטיצונג דער מיטגליעדערן אין נויט, קראַנקהייט און שטערבעפעללע, וויא דיא געזעטצע דעריבער ביישטימט איזט.

§ 3. אַלע געשעפּטען, קאָרעספּאָנדענציעס און אלע ביכער אין דיזען פעראיין זאָל אין אידיש־זשאַרגאָן געפיהרט ווערען, יעדאָך איז דאס יעדען מעמבער ווען אויך דיא סעק־עטערע ערלויבט זיך מיט דער ענגלישער שפּראַכע צו בעדיענען.

§ 4 זאָ לאַנג דיעזער פעראיין זיבען (7) מיט־גליעדער צייהלט וועלכע וועלען דיעזען פעראיין אויפ־האלטען, קאן דער זעלבער ניע אויף געלייזט ווערען אונד פאַלט דעם זעלבען דאס גאַנצע איינענטהום דעם פעראיינס צו.

## ארטיקעל 2.

### פערזאמלונגען.

§ 1. רעגעלמעססיגע פערזאַממלונגען זאָללען

2 מאָל מאָנאַטליך שטאַטפינדען און קענען אויף בעשלוס דעם פעראיין אומגעענדערט ווערען.

§ 2. ספעציאל פערזאמלונגען קענען בערופען ווערדען:

a) דורך בעשלוס דעם פעראיינס

b) דורך ריא עקזעקיוטיווע באָרד

c) ווען 7 גוטשטעהענדע מיטגליעדער דיא עקזעקיוטיווע דאַצו שריפטליך אויפפאָרדערען, יעדאָך מוססען דיא זעלבע דיא עקזעיוטיוו באָרד געניגענדע גרינדע אַנגעבען.

§ 3· 7 מיטגליעדער בילדען איין קוואָרום און זינד בערעכטיגט אללע געזעטצליכע געשעפטען דעם פעראינס צו פערהאַנדלען.

§ 4. גענעראל פערזאמלונגען זאָללען אין דיא מאָנאַטען מערץ, יוני, סעפטעמבער און דעצעמבער שטאַטפינדען, צו דיעזע פערזאַממלונגען מוסס דער סעקרעטער אללע ברידער שריפטליכע נאטיס מיט אנגאבע זייערע שולדען צו שיקען.

§ 5. איינע גענעראל פערזאמלונג מוס אין איינע ספעציאל פערזאמלונג ווען מעגליך זאל 36 שטונדען בעפאָר אַנגעקונדיגט ווערען.

## ארטיקעל 3.

### נאמינאציאָנען און וואהלען.

§ 1. אין דיא גענעראל פערזאלונגען איינען יעדעס יאהר יענדע מאָנאַט יוני אין דעצעמבער זאל דיא וואהל דער בעאמטען שטאטפינדען דיא אינסטא־ליישאן דער ערוועהלטען בעאמטען ערפאָלגט יעדאָך ערשט אין דיא מאָנאטען יאַנואר און יולי.

§ 2. פאָרשלעגע דער בעאמטען זאָללען אנ־פאנגען 1 פערזאמלונג בעפאָר וואַהל אבענד.

§ 3. אבוועזענדע מיטגליעדער קענען נאמינירט ווערדען, זייא קענען אַבער ניט ערוועהלט ווערדען ביז זייא ערקלעהרען מונדליך אָדער שריפטליך אַז זייא נעמען אן דיא נאמינאציאן, זייא מוססען אבער פין פינאנס סעקרעטער בענאכריכטעט ווערדען וועגען זייער נאמינאציאן.

§ 4. דיא פון דעם פעראיין בעאמטע צו ערוועהלען זינד: פראָטאָקאָל סעקרעטער, פינאנס סעקרעטער, שאצמייסטער, 3 מיטגליעדער צו דער עקזעקיוטיוו בארד, 3 טראָסטיעס פיהרער, איננערע וואַכע און אייססערע וואַכע.

§ 5. דער טשערמאן האָט 3 וואַהל ריכטער צו ערנעננען, וועמענס פפליכט עס אייזט דער וואהל

צעטעל פון דיא טיטגליעדערן צו עמפפאַנגען אונד אין דער באַללאט באַקס אַריין ווארפען.

§ 6. דער סעקרעטער זאל דיא מעמבער ליסט פאַרלעזען און נאכדעם אללע געוועהלט אָבען זאָלען דיא וואַהל ריכטער דיא באללאט באקס עפפענען דיא שטימצעטעל איבערצעהלען און פאָרלעזען, דער סעקרעטער זאָל דיא זעלבע אויפצייכנען און דעם רעזולטאט דעם וואַהל פאָרלעזען.

§ 7. איין שטימצעטעל וועלכעס ניכט מיט דעם נאמען דעם אין דער וואהל בעפינדעטען קאַנ־דידאטען פערצייכנעט איזט, זאל אלס בלאַנק בע־טראכטעט ווערדען.

§ 8. זאללען מעהר אלס 2 קאנדידאטען פיר איין אַמט פאָרגעשלאגען ווערדען און קיינער פון זיינע בעקומט בייא דער וואהל איין אבסאלוטע מערהייט, זאָ האט דער קאנדידאט וועלכע דיא וויינינגסטע צאהל שטיממען ערהאלטען פון דער קאנדידאטור צוריק טרעטען, און עס פינדעט שטאַט אַ שטיכוואַהל צווישען דיא איבערגעבליבענע קאנדידאטען זאָ לאנג ביז איינער בעקומט איין אבסאלוטע מאַיאָריטעט.

§ 9. ביים ערטשען עלעקשאן נאך איינאהמע פון דיעזע קאנסטיטושאן זאָללען דיא טראָסטיעס

ערוועהלט ווערען וויא פאָלגט:

1־טער טראָסטיע 18 מאָנאַט, 2־טער טראָסטיע 12 מאָנאט, 3־טער 6 מאָנאַט, נאַכהער זאל בייא יעדער עלעקשאן ערוועהלט ווערדען 1 טראָסטיע אויף 18 מאָנאַט.

§ 10. בעאמטע מוססען ביא אויכטרעטען פון זייער אמט דאס איינענטהום דעס פעראיינס זייערע נאַכפאָלגער איבערגעבען.

§ 11. מיטגליעדער קעננטן ניכט נאמענירט ווערדען פיר אירגענד איין אמט דיא ניכט 6 מאָנאַט מיטגליעדער זינד.

§ 12. זאל איין איינוואַנד געגען דער פארלעזונג אָדער צעהלונג דער שטימצעטעל שטאמפינדען און דער גרונד געניגענד אנגעגעבען איזט, דאן זאלל דער סעקרעטערי און דער ערשטער טראָסטיע דיא שטימצעטעל נאכמאלס פאָרלעזען און צעהלען.

## ארטיקעל 4.

### פפליכטען דער בעאמטען.

§ 1. דער פראָטאָקאָל סעקרעטאר מוס בייא יעדען מיטינג אנוועזענד זיין, און ער מוסס איין ריכטיגעס פראָטאָקאָל פון אללע פערהאנדלונגען ביים מיטינג פיהרען. ווען דער מיטינג ערעפענט וויררד,

זאָל ער פאָרלעזען דיא בעאמטען ליכט, און פער־
צייכנען דיא וועלכע אבוועזענד זינד.

§ 2. דער פינאנס סעקרעטער מוס ביא יעדען
מיטינג אנוועזענד זיין און ער מוס פיהרען איין ריכטי־
געס רעכנונג צווישען דיא מעמבערס און דעם פעראיין,
ער זאל אללע געלדער אין עמפפאנג נעמען און געגען
קוויטונג דעם טרעזשורער איבער געבען, בעפאָר דער
מיטינג געשלאססען איזט מוסס ער איינאממע אונד
און אויסגאַבען פאָרלעזען, ער זאל נאטיס צו דיא
מיטגליעדער צו יערען גענעראל אָדער ספעציאל מיטינג
אויס שיקען, דאס זעלבע צו אלע קאָמיטעען, און
אללע נאטיס וואס דעם פעראין נויטיג איזט. ער זאל
איין פיערטעל יעהרליכען פינאנס בעריכט איבער דען
קאססע בעשטאנד דעם פעראיינס אויסארבייטען.
אללע געזעצליכע שטראפען דער מיטגליעדערן צו
נאטירען. ער זאל אויך איין אדרעס בוך פון דיא
מיטגליעדער פיהרען.

§ 3. דער שאצמייסטער זאל אללע געלדער דעם
פעראיינס אין עמפפאנג נעהמען, אונד זיינע רעכנונג
דאריבער פיהרען. אללע אנווייזונגען דיא פון סעק. און
טשעדמאן אונטערשריבען זינד אויס צו צאהלען, עס
מוס בירגשאפט לייסטען נאך בעשלוס דעם פעראיינס.

§ 4. דיא טראָסטיעס האבען דארויף צו זעהען דאס דיא געזעטצע דעס פעראיינס זאללען שטרענג דורך געפיהרט ווערדען, זייא האבען דאס רעכט זאָ באַלד זייא זעהען דאס דיא געזעטצע אָדער דיא געשעפטען דעס פעראיינס שלעכט געפיהרט ווערדען איינע ספעציאל פערזאמלונג צו בערופען און דיעזעס צו איהרע ענטשיידונג פאָרצולייגען.

דיא טראָסטיעס זינד פערפפליכטעט דאס אייגענטהום דעס פעראיינס אונטער אויפזיכט צו האבען.

אללע ערפאָדערליכע געגענשטענדע פיר דעם פעראיין איינצושאפען.

דיא געלדער פון פעראיין אין איינע פון פעראיין בעשטימטע ביינק צו דעפאָנירען.

§ 5. דיא פפליכט פון דיא עקזעקיזטיוו באָרד איזט. בייא אלע פערזאמלונגען דיעזער געזעלשאפט אַנוועזענד צו זיין,

אויפפאססען אַז אַללעס זאָלל אין אָרדענונג געפיהרט ווערדען, אַללע געזעטצע זאָללען שטרענג דורך געפיהרט ווערדען

זייא זענען דיא פאָרשטעהער דיעזער געזעלשאפט און זיינען פערפפליכטעט דיעזע געזעלשאפט אין אלע פעלע צו פערטרעטען, בייא קראַנקען מעלדונג איינעם

ברודער דעם זעלבען צו בעזוכען, אויפפאססען אַז די קראַנקען קאָמיטטעע וועלכעס אַלפאַבעטיש בעשטימט זינד זאָללען דעם זעלבען בעזוכען און צו דער מיטינג צו בעריכטען.

שפעשעלע מיטינגען צו בערופען ווען נויטיג איזט איין טויטען פאַל פון איינעם ברודער אָדער זיין פרויא, זיך מיט דיא ט"אָסטיעס אין פערבינדונג זעצען און דורכפיהרען אלס נאך דיא בעשליססע פון פעראיין.

§ 6. דער פיהרער איזט פערפפליכטעט בעפאָר דער ערעפפענונג דער מיטינג דאס פאסיר וואָרט פון אללע אַנוועזענדע צו פרובירען און דעם רעזולטאט דעם טשערמאן צו מעלדען. און בייא דער איינפיהרונג פון נייע מעמבערס זיינע פפליכטען צו ערפיללען לויט דיא רעגעלען דיעזעס פעראיין.

§ 7. דער אינגערע וואַכע איז פערפפליכטעט פין יעדען אַריינקוממענדען ווענן דיא מיטינגען איזט פארטזעטצונג זיין נאממען אין פאסיר־וואָרט צו נעהמען, און קיינעם אָהנע בעזאָנדערע ערלויבניסס פון טשערמאן אָדער וויס טשערמאן אַריין לאססען.

§ 8. דיא פפליכט דיא אויססערע וואַכע איזט: דיא אויססערע טהיער פערשלאססען צו האַלטען און קיינעם אַריין לאַססען דער ניכט דאצו בערעכטיגט איזט,

אין אויך דאַפיר צו זאָרגען דאַס איינענטהום דיעזער געזעלשאַפט איממער אם בעשטימטען פלאטץ איזט.

## ארטיקעל 5.

קאָממיטעען אונ דערען פפליכטען.

§ 1. דיא פערמינענטען קאָממיטעען דעס פעראיינס זינד:

a) דיא קראנקען קאָמיטעע

b) דאס פעראיינס קאָמיטעע

c) דאס לייכען קאָמיטעע.

§ 2. דאס קראנקען קאמיטעע זאלל אויס 7 מיטגליעדער בעשטעהען אונ צוואר: אויס דער עקזעקיוטיוו באָרד, אונ 4 מיטגליעדער וועלכע אללמאָנאטליך פון פינ. סעק. אין אלפאַ־בעטישער רייהענפאָלגע צו בעשטימען זינד.

§ 3. עס איזט דיא פפליכט דער מיטגליעדערן דיעזעס קאָממיטטעע וועהרענד איהרער דיענסצייט פערזענליך דיא איהנען קראנק געמעלדעטע מיט־גליעדער צו בעזוכען אונ דעם פעראיין צו בענאכריכטען, בייא אנשטעקענדע קראנקהייטען ברויכען זייא ניכט צו בעזוכען, יעדאָך מוססען זייא איבער דעם צושטאנד דעס קראנקען ברודערס זיך ערקונדיגען אום דעם פעראיין בעריכטען צו קעננען.

§ 4. זאללטע דאס קראנקען קאָמיטעע איינ־זעהען דאס איינע נאכט וואַכע נויטהיג איזט, זאל דער פעראיין איינע וואַכע בעזאָרגען וועלכע אלפאַ־בעטיש פון דיא מיטגליעדערן צו בעשטעהען איזט. יעדאָך איזט יעדען מיטגליעד ערלויבט איינען שטעל פערטרעטער צו שיקען, זאלטע זעלבעס מיטגליעד זעלבסט וויא אויך קיין שטעלפערטרעטער שיקען זאל דער פעראיין איינע וואַכע אויף דעם בעטרעפענדען מיטגליעדס רעכנונג בעזארגען.

§ 5. דאס פינאנס קאָממיטעע זאלל אויס 3 מיטגליעדערן בעשטעהען וועלכע פון פאָרזיצענדען פיר 3 מאָנאט ערנאנט ווערדען, דיא פינאנס קאָמיטע זאל אם שלוסס פון יעדע 3 מאָנאט דיא ביכער פון פינאנס סעקרעטער און שאצמייסטער אונטערזוכען און דעם פעראיין איינען שריפטליכען בעריכט אבגעבען.

§ 6. דאס לייכען קאָמיטעע בעשטעהט אויס אללע ערוועהלטען בעאמטען דעססען פפליכט עס איזט דיא לייכע ביז נאך דעם בית עלמין צו בעגלייטען און דאָרט ביז נאך ערפאָלגטער בעערדינונג צו פער־בלייבען, זייא האבען דאס רעכט זיך דורך אנדערע מיטגליעדער פערטרעטען צו לאססען.

## ארטיקעל 6.

### אויפנאהמע בעדינגונגען.

§ 1. איין קאנדידאט צור איפנאהמע אין דיעזען פעראיין זאלל דאס 20־טע לעבענסיאהר ערדייכט האבען, און דארף דאס 45-טע יאהר ניכט איבערשריטען האבען, ער אין זיינע פרויא מוזען קערפערליך און גייסטיג געזונד זיין, ער און זינע פרויא מוססען א דאָקטאָר אטעסט אריין ברענגען, פון דעם דאקטאר וואס איז פון פעראיין בעשטימט, דער קאנדידאט מוסס דיא קאָסטען פון אטעסט בעצאהלען, אויך מוסס דער קאנדידאט איין גוטען כאראקטער בעזיצען און איםשטאנדע זיין זיך און זיינע פאמיליע אנשטענדיג ערנעהרען צו קענען, און ווען פערהייראט מוסס איינע יודישע פרויא האבען.

§ 2. ברידער זאלען ניע אומגינכטיג אדער זייער אייגענער אינטערעסע איינען קאנדידאטען פאָרשלאגען זייא זאלען דעם קאנדידאטען וועניגסטענס 6 מאנאטען צייט געקענט האבען און איבערצייגט זיין דאס דיעזער איין גוטען כאראקטער בעזיצט, אויך מוסס דער קאנדידאט וויניגסטענס 6 מאנאטען אין לאנד זיין.

§ 3. יעדע פערזאן וועלכער וויל ביטרעטען דיעזען פעראיין, מוס זיך דורך איין מעמבער פון

דיעזען פעראיין פאָרשלאגען לאססען, און איין אַפּלי־
קיישאן אריין שיקען מיט ניכט וועניגער וויא איין
דאלער פאָרשלאגס געלד, אין דיא באַלאַנס דאַרף
איין געצאַהלט ווערדען בייא דיא איינפיהרונג.

יעדער אַפּליקיישאן זאל ענטהאלטען דיא יאַהרען,
וואָהנאָרט און בעשעפטיגונג. און ווען פערהייראטה
דער פרויא'ס נאממען און יאהרען, און זאל ענטפערען
אויף אללע פראַגעס פון אַפּליקיישאן, און זאל זיין
אונטערשריעבען פון דעם קאנדידאט.

§ 4. ווען איין קאנדידאט ווערט פאָרגעשלאגען
און איין אפּליקיישאן צו געשיקט, זאָ זאל דער פאָר־
זיטצענדער דעם אַפּליקיישאן פאָרלעזען, און צור
אבשטיממונג גענומען ווערדען, פאַלט דער אַפּליקיישאן
דורך דאן זאל דעם אפּליקאנט זיין פאָרשלאגס געלד
צוריק געגעבען ווערדען, ווערט דער אַפּליקיישאן אנגע־
נומען דאן זאל דער פאָרזיטצענדער איין אונטערזוכונגס
קאמיטע ערוועהלען, וועמעס פפליכט עס זאלל זיין
דעם קאנדידאטען צו בעזוכען, און איבער זיין כאַראַק־
טער און זאָנסטיגע פערהעלטניסע צו דער נעכסטער
מיטינג צו בעריכטען.

§ 5. דיא פפליכטען דער אונטערזוכונגס קאָ־
מיטע איזט: נאכדעם וויא זייא האבען דעם קאנדידאטען

אונטערזוכט, און זיך איבערצייגט דאס זיינע פער־העלטעניסע שטיממען מיט דעם אפּליקיישאן, זאלל דער פּאָרזיצענדער פון קאָמיטעע מיט דעם קאנדידאטען צו דעם פון פעראיין בעשטימטען דאקטאר זיך בעגעבען, אונד דעם קאנדידאטען אונטערזוכען לאססען און דעם דאקטאר אטעסט צו דעם נעכסטען מיטינג אריין ברענגען.

§ 6. נאך גינסטיגעס בעריכט דעם דאקטאר אונד דעם אונטערזוכונגס קאממיטטעע, אָדער דער מאַיאָריטעט דעם זעלבען, זאל וואַנען דער אויפנאהמע דען קאנדידאטען באללאטירט ווערדען, וואָצו דיא קאמיטטעע פערפּפליכטעט איזט. פאללט 4 אָדער מעהרערע שוואַרצע קוגלען אויס, דאן זאלל איבער דעם קאנדידאט באלד אם פּלאטץ נאך איין מאל באללאטירט ווערדען. פאלט דיא צווייטע באללאט נאך אַ־מאל אונגונסטיג אויס, דאן זאל דער קאנדידאט אויף 6 מאָנאַט צוריק געוויעזען ווערדען, אונד זיין פּאָרשלאגס געלד זאל איהם צוריק געגעבען ווערדען. פאלט דיא באללאט גינסטיג אויס, דאן זאלל דער סעקרעטער דעם קאנדידאטען שריפטליך מעלדען לאַססען צור נעקכטער מיטינג צור איינפיהרונג ערשיינען. פערזאמט איין קאנדידאט אהנע געניגענדע

גרונדע 2 מיטוננגען נאך זיינער וואהל זיך איינפיהרען לאססען, פאלט זיין פאָרשלאגס געלד דעם פעראיין צו. ער מוסס אבער פון סעקרעטער אויפגעפאָרדערט ווערדען צו ערשיינען צור איינפיהרונג.

§ 7. ווערד איין מיטגליעד געשטריכען פאר ניכט צאהלען זיינע שולדען און וויל נאכהער צוריק איינגענומען ווערדען, קאן ער נור אלס נייער מיטגליעד אויף גענומען ווערדען, ער מוסס אבער דיא שולדען ביז זיין שטרייכען בעצאהלען, און ניכט מעהר וויא 45־טע יאהר אלט זיין. ווען איין מיטגליעד געהט אַוועק פון פעראיין גוטשטעהענד און וויל נאכהער ווידער בעלאנגען, דאן ברויך ער ניכט באללאטירט ווערדען, נור קען בייא איין געוועהנליכע מערהייט אויף גענומען ווערדען, ווען ער זיין פאַרשלאגס געלד בעצאהלט, און אַ דאָקטאָר אטעסט ברענגט, און ניט איבער 45 יאהר אלט.

## ארטיקעל 7.

איינקויפס געלדער און בייטרעגע.

§ 1. דיא איינקויפס געלדער דער קאנדידאטען זינד: פון 20 ביז 30 יאהר 3.00 דאלער

„ 4.00 „ 35 „ 30 „

„ 6.00 „ 40 „ 35 „

פון 40 ביז 45 יאהר 8.00 דאלער

וויא אויך 25 סענט פיר איין געזעטץ בוך צו בע־
צאהלען בעפאָר דיא איינפיהרונג.

§ 2. דיא בייטרעגע דער מיטגליעדערן איזט
$2.25 פיערטעל יעהרליך צאהלבאר, שפעטסטענס
2 פערזאמלונגען נאך דער גענעראל פערזאמלונג.

§ 3. אללע אויפלאגען און שטראפען מוססען
מיט דער בייטרעגע צור לעצטען איינצאהלונג בעצאַהלט
ווערדען, זאָנסט ווערדען זאָלכע מיטגליעדער פון
דער מיטגליעדערן ליסטע געשטריכען.

## ארטיקעל 8.

### רעכטע און געניססע דער מיטגליעדער.

§ 1. יעדעס מיטגליעד דיעזעס פעראיינס וועל־
כער דען זעלבען 6 מאָנאטען בעלאנגט זינד ווערד
קראנק דאס ער איז ניכט פעהיג זיינע געשעפטען
נאך קאממען, איזט פון טאַגע זיינער קראנקען מעל־
דונג צו איינעם וועכענטליכען בענעפיט פון 7 00$
בערעכטיגט.

§ 2. מיטגליעדער וועלכע דיעזען פעראיין וועני־
גער וויא 6 מאנאטען בעלאנגען, זינד צו קיין בענעפיט
בערעכטיגט, מיט אויסנאהמע פון בעערדיגונגס פלאץ
מיט עקספענסעס.

§ 3. ווען דאס פערמעגען דעס פעראיינס דיא סיממע פון 550 דאלער אין באארעס געלד אָדער אין אייגענטהום ערדייכט האט, זאל דאס קראנקען בענעפיט וויא פאָלגט זיין און צוואַר:

אין קראנקהייטס פאלל איין ברודערס איז דער זעלבער בערעכטיגט פון טאגע זיינער קראנקען מעלדונג צו 13 וואָכען פאָללעס בענעפיט פון 7$ דיא וואָכע, אונד 13 וואכען $3.00 פער וואָכע, און 20 וואָכען $1.00 פער וואָכע, יעדאך דארף דאס קראנקען בענעפיט פיר איינען ברודער וועהרענד דאס יאהר דיא סוממע פון $150.00 ניכט איבער שטייגען.

נאכדעם וויא אַ קראנקער מיטגליעד האט געצויגען 26 וואָכען קראנקען בענעפיט און ער איז נאך אלס ניט איםשטאנדע זיינע געשעפטען נאך צו קאממען דאן זאל איין עקסטרא מיטינג בערופען ווערדען און דיא געזעלשאפט זאל זעהען וויא ווייט מעגליך דעם קראנקען ברודער הילפע צו שאפפען.

§ 4. זאלל אבער דאס פעראיינס קאפיטאל אונטער 550 דאלער געזונקען זיין, זא הערט יעדע בערעכטיגונג אום בעצוגע דאס קראנקען געלד אויף, און ווערט זא לאנג געשלאססען געהאלטען ביז דאס

קאפּיטאל דיא געזעצליכע העהע עררייכט האט, דאס איזט 550 דאלער.

§ 5. מיטגליעדער וועלכע ערקראנקען, מוססען זיך בּיים פינאנס סעקרעטער דעם פעראיינס קראנק מעלדען לאססען, און ווירד דאס קראנקען געלד פון טאגע דער ערקראנגונגען נור דאן אויס געצאהלט ווען דער ערקראנקטער ברודער איין אטעסט פון דאקטאר אריינגעשיקט און איינע פוללע וואָכע 7 טאגע קראנק וואר.

§ 6. אַ ברודער דער צור צייט זיינער קראנקען מעלדונג פרייא אים בּוך איזט, דארף דער פעראיין וועהרענד דער דויער זיינער קראנקהייט ניכט איין ריקשטאַנד לאססען, זאנדערן זאל דיא בּייטרעגע פון זיינעם בענעפיט רעגעלמעססיג אבגעצויגען ווערדען.

§ 7. ווירד דער עקזעקיוטיוו באֹרד דיא אנצייגע געמאכט דאס אַ ברודער אָדער זיין פרויא געשטאַרבען איזט, זאל דיא זעלבע אללע נויטהיגע פּאָרבּרייטונגען צור בעערדיגונג מאכען.

§ 8, ווינשט איין קראנקער מיטגליעד דער געזעלשאפט זיין לעצטען וויללען צו ערקלעהרען זא האט דיא עקזעקיוטיוו בּארד און דער סעקרעטער דעם וואונש אונד וויללענס ערקלעהרונגען דעם

קראנקען צו פראָטאָקאָלירען און מיט זיינער האנד־
שריפט צו פערזעהען, דעם פעראיין פארצוליינגען
וועמעס פפליכט עס איזט דעם ווילען דען פער־
שטאָרבענעמס צו ערפיללען, ווען עס ניכט ענטגעגען
דיא געזעטצע דעס פעראיין וויא אויך דעם שטאטע.

§ 9. אים שטרבעפעללע איינעם מיטגליעד
אָדער זיין פרויא האבען דאצו בעשטימטע מתעסקים
בייא דער טהרה און לבישה דיא אָרדענונג דעם
פעראיינס צו בעזארגען. בייא דיא בעערדיגונג איינעס
מיטגליעד אָדער זיין פרויא האבען דיא מיטגליעדער
אנשטענדיג געקליידעט צו ערשיינען און דען לייכען
צוג ביז צו דער פון קאמיטעען בעשטימטען שטעלע
צו בעגלייטען.

§ 10. מיטגליעדער וועלכע ווארען אויפגע־
פאָרדערט צו ערשיינען צור לויה און ערשיינען ניכט
זאללען זיין אונטערוואָרפען אונטער אַ שטראפפע
פון 2.00 דאלער.

§ 11. אַ קאָמיטעע פון 10 מיטגליעדער בע־
שטעהענד פון דער עקזעקיוטיוו באָרד טראסטיעס
און 5 מיטגליעדער ערנאנט ווערדען זאללען נאך
דער מעמבער ליסטע דיא דען אויפטראג אונטער
שטראפפע פון 3.00 דאַלער פאלגען מוססען דען

פערשטאָרבענעם ביז צום בית עלמין צו בעגלייטען און בייא דער קבורה אנוועזענד זיין.

§ 12. בייא שטערבעפעללע איינעם מיטגליעד דעססען פרויא אָדער קינדער בעשטימט דער פעראיין פאָלגענדע אויסגאבען און צוואר: בייא שטערבעפעללע איינעם מיטגליעד אָדער פרויא זאל דיא אויסגאבען $30.^{00} ניכט איבערשטייגען, קינדער אונטער 30 טאגע זינד בלויז צו איין קוטש בערעכטיגט, פון 30 טאגע ביז 2 יאהר זינד צו איין טויטען וואגען בערעכטיגט, פון 2 יאהר ביז 6 יאהר זינד צו איין טויטען וואגען און איין קוטש בערעכטיגט, פון 6 יאהר און ווייטער זינד צו איין טויטען וואגען און 2 קוטשען בערעכטיגט.

§ 13. אויך דיא קינדער איינעם מיטגליעדס זינד בערעכטיגט צו בעערדיגונגס פלאטץ און צוואר: איין מענליכעס קינד ביז 20 יאהר זא לאנג אונפערהייראט איזט, און איין מעדכען זא לאנג אין עלטערנס הויז און אונפערהייראט איזט.

§ 14. ווען איין מיטגליעד בעלאנגט צו איין אנדערען פעראיין אויסערהאלב דער שטאדט און ער שטארבט און ווירד פון דעם אנדערען פעראיין בעערדיגט, זא זאלל דיא סאסייטי איין קאמיטטעע

פון 4 מיטגליעדער ערוועהלען וועמעס פפליכט עס איזט דיזע געזעלש אפט בייא דיא בעערדיגונג צו פערטרעטען.

§ 16. שטארבט איין מיטגליעד אויססערהאלב דער שטאדט און ווינשט אויף אַ אנדער בית עלמין בעערדיגט ווערדען, זא זאל דער פעראיין צור הערר־שאפפונג דיא לייכע $10,00 בעווילּיגען. דיעזע $10.00 זאל אלס איין עקסטרא אויסגאבע בעטראכט ווערדען.

§ 16. ווערט איין מיטגליעד אָדער זיין פרויא אויף איין אנדער בית עלמין בעערדיגט, זא זאל דיא סאסייטי ניכט מעהר אלס $15.00 אויף אויסגאבען בעווילּיגען.

§ 17. שטארבט איין מיטגליעד זא האט דיא איבערגעבליבענע אלמנה זא לאנג זיא אונפערהייראט און פיהרט זיך אנשטענדיג אויף, און דיא קינדער זא לאנג זייא זינד בייא דער מוטטער, אין איין טויטען פאל צו פרייע קרקע בערעכטיגט.

§ 18. מיטגליעדער דיעזעס פעראיין וועלכע זיך פערהייראטען, האבען איין דאקטאר אטעסט פון דער פרויא אין פעראיין אריין צו ברענגען, פערפעהלען זייא דאס צו טהוען, זענען זייא אין פאל דער פרויא׳ס טוידט צו קיין ענדאוומענט בערעכטיגט.

§ 19. אַ מיטגליעד וועלכעס זיין פרויא שטארבט

און זיך ווידער פערהייראט, זאל נאך זיינער פער־הייראטונג איין דאקטאר אטעסט, זא וויא דען נאמען און אלטער דער פרויא אין דעם פעראיין אריין שיקען. ווען זאלכע אויפגענוממען וויררד אלס מיטגליעד, זא האט דער ברודער אין דען פעראיין $15.⁰⁰ איין צו צאהלען. האט דיא פרויא איהרע אייגענע קינדער פון ערשטען מאן, זא האבען דיא זעלבע קיינען איינשפרוך אויף אירגענד וועלכע געניסכע דיעזעס פעראיינס.

§ 20. ווען איין מיטגליעד פיר זיין קינד נאך פערלויף פון איין יאהר קיין מצבה געשטעלט האט זא זאל דער פעראיין איינע מצבה דער ניכט מעהר אלס $5.⁰⁰ קאסטען שטעלען לאססען, און דאס בעטרעפענדע מיטגליעד האט דענזעלבען איננערהאלב איין יאהר צו בעצאהלען.

## ארטיקעל 9.

### פפליכטען דער מיטגליעדער.

§ 1. עס איזט דיא פפליכט דער ברודער, קיינען ברודער דורך וואָרט אָדער טהאַט אונרעכט צו טהוען, זאָנדערן איהם העלפען און בעשטעהען ווען עס אין זיינער מאכט ליעגט דען כאראקטער איינעם ברודערס יעדער צייט צו פערטהיידיגען אין זיינער געגענווארט וויא אויך אין זיינער אבוועזענהייט.

§ 2. עס איז בעזאנדערס דיא פפליכט דיא מיטגליעדער דיעזעס פעראיין, זיך וועהרענד דען פערזאמלונגען מיט אנשטאַנד און אכטונג צו בעגעגענען, זא וויא אלע מונדליכע בעמערקונגען פערזענליכקייטען אין בעלעדיגענדע שפּראך צו פערמיידען וועלכעס דיא געפיהלע איינעס ברודערס פערלעצען קעננען דאמיט דער פרידען ניכט געשטערט ווערדען זאל.

§ 3. מיטגליעדער מוססען דיא פערזאמלונגען דיעזעס פעראיין מעגליכסט אָפט בייוואָהנען נאך זייערע קרעפטען אין דען ארבייטען זיך בעטהייליגען און זיך דען קאמיטעען דיענסט ניכט ענטציהען.

§ 4. דיא מיטגליעדער זינד פערפפליכטעט איהרע בייטרעגע און אויפלאגען שפעטעסטענס אין דער 2־טער פערזאמלונג נאך דער גענעראל פערזאמלונג צו צאהלען, ווידריגען פאלס וועללען זייא געשטריכען ווערדען.

§ 5. טהייל צאהלונגען דארפען אונטער קיינע אומשטענדען אם שטרייך אבענד גענומען ווערדען.

§ 6, זא באלד איין מיטגליעד דיזעס פעראיין פון דעם טודט איינעס ברודערס אָדער זיינע פרויא נאכריכט בעקומט, זא זאל ער זאָגלייך דער עקזעקוטיוו באָרד דאפון בענאכריכטען.

§ 7. עס איזט דיא פפליכט דער ברודער דיעזעס פעראיינס זיך פריינדליך פערהאלטען אונטער אללע אומשטענדען אונד אין אללען פאללען זיך מיט אכטונג צו בעגעגנען, און וועון שטרייטיגקייטען צווישען ברידער ענטשטעהען, זיך ניט אין איין עפענטליכען געריכט ווענדען, בעפאָר זייא דען פערזוך געמאכט האבען איהרע שטרייטיגקייטען דורך פערמיטלונג איינעס פריעדענס קאָמיטעע אויסצוגלייכען.

§ 8. בייא גענעראל אדער שפעציאל פערזאמלונגען זא וויא בייא לייכען בעגענגניסען פון פערשטארבענע ברידער, זאלען דיא ברידער זיך נאך ערהאלטענער שריפטליכע אדער מונדליכע איינלאדונג איינפינדען, פאר ניכט ערשיינען צו גענעראל אָדער שפעציאל פערזאמלונגען, זאלען דיא ברידער אונטער אַ שטראפע פון 25 סענט זיין אונטערוואָרפען.

§ 9. יעדער מיטגליעד איזט פערפפליכטעט דיא געזעטצע דיעזעס פעראיין צו וויסען.

### ארטיקעל 10.

אונטערשטיצונגען.

§ 1. דאס אונטערשטיצונג קאמיטעע זאל אויס דער עקזעקיוטיוו בארד, שאצמייסטער, אין 3 מיטגליעדערן בעשטעהען, דער פארזיטצענדער זאל 2, און

דער שאצמייסטער זאל 1 מיטגליעד ערנעננען, דיא זעלבע זאל דעם נויטבעדערפטיגען ברודער בעזוכען און בייא דער נעכסטער פערזאמלונג צו בעריכטען. ווען שנעלע הילפע נויטיג איזט, זא קאן דאס קאמיטע בעפאָר אנגאבע דעם בעריכט אין דעם פעראיין, איינע סוממע פון $5.00 בעוויליגען, און דער שאצמייכטער האט דיא בעוויליגטע סוממע זאפארט אוים צו צאהלען.

§ 2. זאללטע אבער דיא הילפע ניט נעניענענד זיין, זא זאל איין שפעציאל מיטינג איינבערופען ווערדען. יעדאך דארף פון דער קאססע דעם פעראיינס דיא סוממע פון 15 דאלער ניכט איבערשטייגען.

## ארטיקעל 11.

### שטראפען און געניססע ענטציהונגען.

§ 1. דיא עקזעקיוטיוו בארד און דער שאצ־מייסטער זאללען פיר יעדע אבוועזענהייט בייא דיא פערזאמלונגען מיט 50 סענט שטראפירט ווערדען. דיא סעקרעטערע זאללען פיר איהרע אבוועזענהייט מיט 50 סענט שטראפירט ווערדען. פאר ניט צו שיקען דיא ביכער מיט ווייטערע 50 סענט בעשטראפט ווערדען. דיא אבוועזענהייט אללע נעבען בעאמטען זאללען מיט 25 סענט שטראפירט ווערדען-

§ 2. זאללטע איין מיטגליעד דעם קראנקען

קאמיטעע פערזאמען אירגענד איינען קראנקען אין דעם איהם בעשטימטען טאגע צו בעזוכען און איין צייכען און דאצו בעשטיממטען בוך וועלכעס ביים קראנקען זיך בעפינדעט צו מאכען, אָדער פערנאכ־לעססיגט זיינען בעריכט פערזענליך דעם פעראיין אפ געבען, זאל מיט 50 סענט שטראפירט ווערדען.

§ 3. ווער זיינע וואהנונג פערענדערט און ביז 14 טאגע דעם סעקרעטער ניט אנגעצייגט, זאל מיט 25 סענט בעשטראפט ווערדען.

§ 4. איין בעאמטער דער דאס מיטינג לאקאל בעפאר שלום דער פערזאמלונג אָהנע ערלויבנים דעם פּאָרזיצענדען פערלאסט, זא אויך יעדער מיטגליעד וועהרענד דאס שפּרעכען איינעם ברודערס דאס מיטינג לאקאל פערלאסט, זאל מיט 25 סענט בע־שטראפט ווערדען.

§ 5. ווער פון דען מיטגליעדערן נאך ערהלטען שריפטליכער אָדער מונדליכער איינלאדונג בייא לייכען בעגנענים איינעם ברודערס אָדער דעססען פרויא אבוועזענד איזט זאל מיט 2 דאלער, און דאס לייכען קאמיטעע מיט 3 דאלער בעשטראפט ווערדען.

§ 6. ווער זיך אין דער מיטינג אונאנשטענדיג בעטראגט אָדער זיך דען אָרדענונג דעם פּאָרזיצענדען

ווי־ערזועצט, זאל אים ערשטען פאללע מיט 25 סענט בעשטראפט ווערדען, אים 2־טען פאללע מיט 50 סענט בעשטראפט ווערדען, צום 3־טען מאל זאל דער פאָר־זיצענדער איינע קלאגע קאמיטעע פון 3 מיטגליעדערן ערנעננען דיא צור נעכסטער מיטינג איינע קלאגע געגען ברודער איינבערעננען זאללען.

§ 7. מיטגליעדער אללע קאמיטטעען וועלכע איינען אויפטראג איבערנעהמען אהנע דענזעלבען אויס־צופיהרען, זאללען מיט 25 סענט בעשטראפט ווערדען.

§ 8. מיטגליעדער וועלכע דיא געזעטצע דאס לאנד פערלעטצען בעגעהענדיג קרימינאלע פערברע־כענס און ווערדען דאפיר פון שטאדט בעשטראפט, זאָללען פון פעראיין אויסגעשטויסען ווערדען.

§ 9. ווען איין בעאמטער אין 3 הינטער־אנאנדער פאָלגענדען פערזאמלונגען ניכט אנוועזענד איזט, און דאפיר קיינע גענוגענדע ענטשולדיגונג איינגעבראכט האט, זאלל פון זיין אמט ארונטער געזעצט ווערדען, און איין אנדער בערעכטיגער מיט־גליעד אין זיינער שטעללע איינצוזעצען.

§ 10. זאלטע איין מיטגליעד זיך פאלשליך קראנק אָדער קערפעריליך שוואך מאכען זא דאס ער דיא וואהלטהעטיגקייט געניססע מיסברויכט, זאל

ער פאר דאס 1-טע מאל אויף 3 מאנאטען סוספענ־
דירט ווערדען, און אום ווידערהאָלונגס פעללע אויס־
געשטויסען ווערדען.

§ 11. איין מיטגליעד וועלכעס איין געהיימניסע
דעם פעראיינס פעראראטה, אדער איין צוריק געוויזענעם
קאנדידאטען דיא אורזאכע זיינער צוריקווייזונג און
דיא נעהרען אומשטענדען זיינער באללאטאזשע
מיטהיילט, ווער איינען ברודער איבעררעדט געגען
זיינע איבערצייגונגען צו באללאטירען; ווער דיא אין
פעראיין פאָרקומענדע פערהאנדלונגען אן אונבערעכ־
טיגטע מיטהיילט, זאלל איינער געלד שטראפפע,
סוספענדירונג, אָדער אויסשליסונג אונטערלעגען,
נאכדעם דער פעראיין איינע גענויע אונטערזוכונג אלס
ריכטיגנעפונען האט.

§ 12. איין מיטגליעד וועלכעס איינעם ברודער
בלאמירט אָדער דעם זעלבען פאָרווירפע מאכט דאס
ער פון דעם פעראיין אונטערשטיטצונגען ערהאלטען,
זאלל אויף 6 מאנאטען סוספענדירט ווערדען, און
אין ווידערהאָלונגס פעללע אויסגעשטויססען ווערדען.

§ 13. פאר דיא אן געפיהרטען שטראפפען
זאללען אבוועזענהייט פון דער שטאדט, קראנקהייט

אָדער זאנסט דראָהענדע געפאַהרען אין דער פאמיליע און שטאאטספפליכטען, ענטשולדיגען.

### ארטיקעל 12.

**פאָן סוספענסיאנען וועגען ניכט צאהלען בייטרעגע און ווידער אנזעצונג.**

§ 1. איין מיטגליעד דאס 2 פערזאמלונגען נאך דער גענעראל פערזאממלונג זיינע בייטרעגע אויפלאגען פאר ענדאוומענטס אָדער עקסטרא אויפלאגען ניכט צאהלט, זאלל נאך פון אנגעגעבענער אנציינע פון פינאנס סעקרעטער פון דער ליסטע דער מיטגליעדער געשטריכען ווערדען, זאלטע יעדאך איין זא געשטריכענעס מיטגליעד ביא דער פאלגענדע 2 פערזאמלונגען אללע זיינע ריקשטענדע שולדען אפ צאהלען, זא זאל דערזעלבער ווידער אויפגענומען ווערען.

§ 2. זאלכע אויפנאהמע קען נור אין איינער רעגעלמעססיגער מיטינג שטאטפינדען.

§ 3. ווינשט איין געשטריכענער מיטגליעד נאך פערלאססענער צייט וויא אם פאראגראף 1 דיעזעס ארטיקעל ווידער אויפגענומען ווערדען, זא האט דער זעלבער אויססער זיינע שולדען איין גונסטיגעס דאקטאר אטעסט פאר זיך איינצוברענגען און איז איינע באלאטאזשע אונטערוואָרפען. עס בעדארף

יעדאך 5 שווארצע קונלען אם דענזעלבען צוריק צו ווייזען. זאלטע איין זאלכער מיטגליעד ווידער אויף גענוממען ווערדען, זא ווירד ער אלס איין נייער מיטגליעד בעטראכטעט.

§ 4. עס זאל דיא פפליכט דעם סעקרעטער זיין, ווען אירגענד איין מיטגליעד לויט פאראגראף 1 דיעזעס ארטיקעל צום שטרייכען איזט, איינען רע־דזשיסטרירטען בריעף צו שיקען און דעם ברודער אויפמערקזאם מאכען אים פאלל דאס ער וועט ביי דער לעצטער צאהל אבענד ניט איין צאהלען, זא וועט ער געשטריכען ווערען.

§ 5. דער טשערמאן זאל דאן דיא פראגע שטעללען: וויל יעמאנד פון דיא ברידער, פאר ברודער N. N. בעצאהלען, ווען ניכט זאלל ער פון דער מיטגליעדער ליסטע געשטריכען ווערדען.

§ 6. איין געשטריכענער מעמבער וועלכער איז איבער 45 יאהר אלט, קען ניט ווידער אלס מעמבער אויפגענומען ווערדען.

## ארטיקעל 13.

### פערזיכערונגען בייא טאדעספאללען.

§ 1. דיא פערזיכערונגען בייא טאדעספאללען איינעס ברודער אדער זיין פרוי זאללען ניכט וועניגער

אלס 200.00 דאלער אונד 300.00 דאלער גענענ־זייטיג זיין.

§ 2. שטארבט דיא פרויא איינעם ברודערס זאל דער ברודער ווען ער גוטשטעהענד איזט אין צייט פון 30 טאגע 200.00 דאלער ערהאלטען.

§ 3. בייא שטערבעפעללע איינעם ברודערס ווירד דער בעטראג פון 300.00 דאלער דער וויטווע דעס פערשטארבענעם, און ווען דיעזע ניכט מעהרער אם לעבען איזט זיינע קינדער, און זאללטען קיינע קינדער זיין, אין ערשטער ליניע בייא עלטערן, אין צווייטער ליניע דיא געשוועסטערן אויסגעצאהלט ווערדען, זינד לעצטערע ניכט פערהאנדען, זא איזט יענע פערזאן אָדער פערזאנען דאצו בערעכטיגט וועלכע דערזעלבער פארזיין טוידט דאצו פארמליך בעצייכנעט.

§ 4. דיא אויבען דערמאנטע געלדער זאללען דורך אַ טעקס פון 5.00 דאלער אויף יעדער ברודער געדעקט ווערדען. דער איבערפלוס פון אַ טעקס ביי אַ 200.00 דאלער ענדוימענט זאל פערוועגדעט ווערען צום ענדאוימענט פאָנד, אונד בייא אַ 300.00 דאלער ענדוימענטס זאל דער איבערפלוס פארוועגדעט ווערען.

§ 5. נאכדעם דיא ריכטיגקייט איינעם ענדאוו־מענט פון פעראיי אנערקענט ווירד, זאל דער סעק,

דיא מיטגליעדער זאפארט אין קאנטענים זעטצען. דער סעקרעטער זאל דיא פערזאן אדער פערזאנען וועלכע זינד בערעכטיגט צו דער ענדויטענט איינלאַדען, און געגען קוויטונג דאס געלד אויסצאהלען׳ יעדאך האלט דער פעראיין $15.^{00}$ פאר אַ גראבשטיין. ד. ה. ווען איין צייט פון איין יאהר אז דיא פאמיליע שטעלט ניט קיין גראבשטיין, זא זאלל דער פעראיין פיר דיא $15.^{00}$ איין שטיין זעטצען. ווירד דער שטיין פון דער פאמיליע געזעצט, זא מוכסען דיא $15.^{00}$ צוריק געגעבען ווערדען.

§ 6. דער פינאנס סעקרעטער זאל דיא מיטגליעדער ווען איין טאָדעספאלל פאסירט זאָפאָרט אין קענטניס זעטצען, און עס איז דיא פפליכט דער מיטגליעדערן נאך ערהאלטענער אנציינע דער נאָטיץ, ביז 30 טאגע דאס געלד איין צו צאהלען.

§ 7. מיטגליעדער וועלכע פערזאמען איין צו צאהלען ביז דער בעשטימטער צייט זאל נאך 14 טאגע צייט געגעבען ווערדען, און ווען זייא זאללען אין דיא נעכסטע 14 טאגע אויך ניט איינצאהלען זא זאלל דיא סוממע צו דער נעכסטער פיערטעל יערליבע בייטרעגע צו גערעכענט ווערדען.

§ 8, אים פאלל דער פערשטארבענער ברודער

קינע יורשים הינטערלאסט זא פאלט דער בעטראג דעם ענדוימענט פאָנד צו.

§ 9. זאלטע איין מיטגליעד שטארבען און פון איין אנדערען פעראיין בעערדיגט ווערדען, זא האבען דיא הינטערבליבענע יורשים איין דאפליקאט טוידטענ־שיין פון דער שטאאט דעם פעראיין איינצובערענגען און זאל פון דיא נויטוועגדיגע שטאדט בעאמטע און אויך אַ נאטאריוס אונטערצייכנעט זיין.

## ארטיקעל 14.

### פון קלאגען און פערהערען.

§ 1. איין מיטגליעד דעם פעראיינס וועלכער איבערטרעט דיא געזעטצע דעם זעלבען, קאן אויף געניגענדען גרונד פון אַ ברודער אנגעקלאגט ווערדען.

§ 2. דער פאָרזיצענדער זאל איין קאָמיטטע פון 5 מיטגליעדער ערנענען. וועלכעם דיא קלאגע צו אונטערזוכען האט, דער קלאגער און דער אנגעקלאגטער זאללעןביידע דאס רעכט האבען 3 מיטגליעדער דאס קאמיטעעס צוריק וויזען. ווען דער אנגעקלאגטער איזט צור צייט ווען דיא קלאגע איז אריין געבראכט אבוועזענד, זא זאל ער דאפון אין קענטנים געזעצט ווערדען, און האט דאס רעכט דער פערוויזונג דער 3 קאָמיטען, ווערד איין מיטגליעד דער קאָמיטטע

פּערוויזען, זא זאל דער טשערמאן דער עקזעקיומיוו באָרד איין אנדערען ערוועהלען און דאפון דעם פאָר־זיטצענדען דאס קאמיטעע בענאכריכטען.

§ 3. יעדע נאָטיץ פון אונטערזוכונגס קאמיטע מוסס 48 שטונדען פאר דער זיטצונג אן דיא בעטרעפּפענדע פּערזאנען אבגעשיקט ווערדען, דעם פערקלאגטען מוס דיא נאָטיץ דורך אַ רעדזיסטרירטען בריעף אָדער אין דער האנד איבערגעגעבען ווערדען.

§ 4. יעדע קלאגע מוס שריפטליך איינגערייכט ווערדען, און דיא קלאגע פּונקטען מוססען אנגעגעבען ווערדען, און דיא קלאגע מוסס פון פעראיין איינע דעבאמיע אנגענוממען ווערדען.

§ 5. איינע אבשריפט דער קלאגע אָדער קלאגען זאל דעם אנגעקלאגטען צו געשטעלט ווערדען. און דיא פּארטייען זאללען אויפגעפאָרדערט ווערדען פאר דעם קאמיטעע צור אנגעגעבענער צייט און ארט צום פערהער צו ערשיינען, און איהרע צייגען בערייט צו האלטען, עס בלייבט יעדאך דעם קאמיטעע איבער־לאססען ווען דאס זעלבע עס פאר צוועק מעססיג האלט פּערזאנען און דאקומענטען צום צוועק דער אונטערזוכונג זיך פערשאפּפען.

§ 6. פערפעהלט דער אנגעקלאגטער אויף דיא

שריפטליכע נאטיץ צום פערהער צו ערשיינען, אָדער גיעבט דער זעלבער קיינע גענינענדע גרונדע פאר זיין ניכט ערשיינען אן, זא זאלל ער אלס שולדיג ערקענט ווערען, און עס זאל שריטע געטאן ווערדען וויא פאראגראף 12 דיעזעס ארטיקעל צייגט אָן.

§ 7. דאס קאמיטעע זאל איין גענויעס צייגען פערהער פאָרנעמען, איין פאָלשענדיגעס אונד גע־טרייעס פראטאקאל איבער דיא פערהאנדלונגען, און צייגען אויסזאגונגען זאל פון דעם קאמיטעע געפיהרט ווערדען.

§ 8. קלעגער אונד פערקלאגטער האבען דאס רעכט איין קרייצפערהער מיט דען צייגען פארצונעמען און איינעם ברודער דעם פעראיינס אלס זיין פערטהיי־דיגער צו וועהלען. נאכדעם אללע צייגען פארגענומען זינד, זאל דיא קאמיטעע דיא אונטערזוכונג אלס געשלאסען ערקלעהרען, און דאס גאנצע פראטאקאל דעם פעראיין צור ווייטערער פערהאנדלונג איבער־געבען, יעדאך וועניגסטענס איינע וואָכע פאר דער רעגעלמעסיגען פעראיינס פערזאמלונג דעם קלעגער וויא אויך דעם אנגעקלאגטען דאפון אין קענטניס צו זעטצען צו וועלכער צייט דיא קאמיטעע בעריכטען.

§ 9. אין דען רעגעלמעסיגען דאצו בעשטימטען

פערזאמלונג דעס פעראיינס, זאל דער אונטערזוכונגס בעריכט פארגעלעזען ווערדען, דאן קען דער פעראיין דען געגענשטאנד צור בעשפרעכונג אויפנעמען, און אם שלוסס דער דעבאטע האבען קלעגער אונד פערקלאגטער דאס רעכט צווייא מאל דאס װאָרט צו נעמען, און צוואר אין זאלכער רייהעפאלגער דאס דער פערקלאגטער זאל דאס לעצטע װאָרט בעקוממען.

§ 10. דאן זאל דער קלעגער און פערקלאגטער דאס פעראיינס צימער פערלאססען און דיא מיטגליעדער זאללען אבער שולדיג אָדער ניכט שולדיג ענטשיידען. איינע וויטערע דעבאטע איבער דעם געגענשטאנד נאכדעם וויא דער קלעגער און פערקלאגטער האבען דאס לאָקאל פערלאססען זאל ניט שטאטפינדען.

§ 11. דיא אבשטימונג געשעהעט דורך גע־שריבענע שטימצעטעל, יעדער מיטגליעד ערהאלט צווייא שטימצעטעל וועלכע ענטהאלטען דאס װאָרט שולדיג אָדער ניכט שולדיג, נאכדעם וויא יעדער האט אבגעשטימט, ערוועהלט דער פּאָרזיצענדער אַ קאָמיטע פון 3 פערזאן דיא שטיממען צו צעהלען, אונד שפרעכט איינע מעהרצאהל אויס פאר שולדיג, זא זאל דער אנגעקלאגטער זאלכע שטראפע אונטערלעגען אלס דיא געזעטצע דעס פעראיינס בעשטימט, אלס

וואס ניכט אין דיעזען געזעטץ בוך בעקאנט איזט, ווירד נאך גוט דענקען דעם פעראיינס בעשטראפט.

§ 12. קיין קלאגע זאלל איבער איינע שוין איינמאל ערלעדיגטען געגענשטאנד וויעדער אויפגע־נוממען ווערדען.

§ 13. ווען אַ מיטגליעד זיך שולדיג ערקלערט זא קאן ער אהנע פראָצעס בעשטראפט ווערדען.

## ארטיקעל 15.

### רעגעלען פאר קלאגע קאָמיטעען.

רעגעל 1. 3 מיטגלידער דעם קאמיטעע בילדען איין קוואָרום און קענען געזעטצליך דיא פראגע פערהאנדלען.

2. דאס קאמיטע זאל אַ ריכטיגעס פראָטאָקאָל זיינער פערהאנדלונגען פיהרען וועלכעס נאכווייזען מוז.

a) דאס דאטום און דען ארט איינער יעדען פער־זאממלונג און דיא נאממען דיא אנוועזענדען.

b) אנקלאגע און ספּעסופיקאציאָנען און אנטוואר־טען דעם אנגעקלאגטען.

c) מינדליכע בעווייזע אויספיהרליך פראָטאָקאָלי־רען און פון דעם צייגען אונטערשריבען.

## ארטיקעל 16.

### פאלשע אנגאבען.

§ 1. יעדעס מיטגליעד דיזעס פעראיין וועלכעס

אנקלאגען געגען איין ברודער ערהעבט, און האט זיך אלס פאלש בעוויזען, זאלל זיין אונטערוואָרפען אונטער דער שטראפע וועלכעס דער אנגעקלאגטער וועֶן דיא קלאגע וואָלט זיך אלס ריכטיג ערוויזען.

## ארטיקעל 17.

רעגולאציאנען פיר דען בעגרעבענונגס פלאטץ.

§ 1. דער פעראיין האט דיא אויפגאבע איינען בעגרעבינונגס פלאטץ צו קויפען. דאס זעלבע איז דאס אייגענטהום דעס פעראיינס און צור פרייען בענוטצונג דער מיטגליעדער.

§ 2. דיא מיטגליעדער האבען דאס רעכט פיר זייערע פרויען און קינדער איין גראב צו בעאנשפרוכען אהנע איינע עקסטרא צאהלונג צו לייסטען.

§ 3. יעדעס מיטגליעד האט דאפיר צו זארגען דאס מצבות זאללען אויף דיא קברים געזעצט ווערדען.

§ 4. אום איינע גענויע קאנטראללע איבער דען בעגרעבענעס פלאטץ צו פיהרען, און דענזעלבען אין געהעריגען ארדענונג צו ערהאלטען זינד פאָלגענדע בעשטימונגען פעסט געזעצט.

1) דיא בעאמטע האבען דיא אויפזיכט דאריבער.

2) איינע אבצייכנונג דאס פלאטץ זאל אין דיא הענד פון דיא בעאמטע זיין.

§ 5. אין דעם ספּעציאל דאפיר אנגעפערטיגטען פּערמיט בוך, זאלל דער סעקרעטער דען נאממען, טאָדעסטאג, זאָ וויא דעם נוממער דעם גראַבעס צו פערצייכנען האבען, און יעדער מיטגליעד האט דאס רעכט דען טאָדעסטאַג זיינער אנגעהעריגען נאך זעהען צו לאססען.

§ 6. דיא עקזעקיוטיוו באָרד זיינען דיא איינציגע בערעכטיגטע מיט דעם פּערמיט איין גראַב צו אָרדערן.

§ 7. דיא מיטגליעדער זינד פערפּפליכטעט ביז צום יאהר פון שטערבעטאגע גראַבשטיינע צו זעטצען.

§ 8. דער פעראיין האט דאס רעכט גראבער צו פערקויפען און צוואַר: קינדער פון דער געבורט ביז 30 טאגע 3.00 דאלער, פון 30 טאגע ביז 5 יאהר 5.00 דאלער, פון 3 ביז 12 יאהר 7.00 דאלער פון 12 יאהר און העכער 12.00 דאלער.

§ 9 פאָלגענדע סוממען מוססען פיר גראַב־שטיינע דעפּאָנירט ווערדען, קינדער פון 30 טאַגע ביז 12 יאהר 5.00 דאלער, פון 12 יאהר און העכער 10.00 דאלער, זאלטען דיא קויפער ביז צום יאהרע שטיינע זעטצען זא ווירד דער בעטראג צוריק געגעבען.

## ארטיקעל 18.

### פארלאמענטארישע רעגעלען.

§ 1. דיא פערזאמלונגען זאללען שפעטסטענס אם $7^{30}$ אוהר אבענדס ערעפנעט ווערדען.

§ 2. איין רעדנער קאן אונטערבראכען ווערען פון פארזיצענדען.

a) 1-טען אום דען רעדנער צור ארדענונג צו רופען
2-טען אם איהם אויף צופארדערען זיך אן דען געגענשטאנד צו האלטען.
3-טען אום איין מיספערשטענדניס אויף צו קלערען.

b) פון איין מיטגליעד ווען עס איינע אינפער־מאציאנס פראגע שטעלען וויל אין בעצוג דער דעבאטע ווען דער זעלבער דענקט דאס דער רעדנער איז אויסער ארדענונג, אין וועלכען פאל דער פארזיצענדער צו ענטשיידען האט.

§ 3. ווען דער פארזיצענדער רופט א ברודער צו ארדער, זא זאל דער ברודער אויפהערען צו שפרע־כען ביז דיא ארדענונגס פראגע ענטשיידען איזט.

§ 5. יעדער דער צו שפרעכען ווינשט, שטעהט אויף אין בעט דאס ווארט, פערלאנגען עס מעהרערע צור גלייכער צייט זא ווירד דיא רייהענפאלגע נעהאלטען.

§ 5. אם איבער איין פארשלאג פערהאנדלען

צו קעננען, מוסס דער זעלבער פון איינען מיטגליעד אונטערשטיצט ווערדען, און מוסס פון פאָרזיצענדען פאָרגעלעגט ווערדען זא לאנג דאס זעלבע ניכט דאס געזעטץ פערשטויסט.

§ 6. איין פארלינגענדער פאָרשלאג קאן נור מיט ערלויבעניס דער פערזאמלונג צוריק געצויגען ווערען.

§ 7. אמענדעמענטס וועלכע נענען ניט אום ווידערשפרוך צום פאָרשלאג מוססען צור בעשפרעכונג צו געלאססען ווערדען און פאלגענדער רייהענפאָלגע פאָרגעלעגט ווערדען ד, ה. ווען איין זאלכעס אמענדעמענט אונטערשטיצט איזט.

a) איין אמענדעמענט

b) איין אמענדעמענט צום אמענדעמענט.

אבגעשטימט ווערט צוערשט איבער דעם אמענדעמענט צום אמענדעמענט, דאן איבער דאס אמענדירטע אמענדעמענט, און צו לעצט איבער דעם הויפט פאָרשלאג.

§ 8. וועהרענד איינע פראגע צו פערהאנדלען ליגט פאָר, קעננען נור פאָלגענדע פאָרשלעגע געשטעלט ווערדען.

a) דען געגענשטאנד אויף דען טיש צו לייגען

b) דען געגענשטאנד אויף אַ בעשטימער צייט צו פערטאגען

c) איינעם קאמיטעע צו איבערגעבען.

d) שלוסס דער דעבאטע

איזט איין זאלכער פאָרשלאג אונטערשטיצט זא דארף קיינע דעבאטע פאָרגענומען ווערדען, זאנדערן ווירד גלייך אב געשטימט.

§ 9. דער פאָרזיצענדער דארף זיך פון שטוהל אין קיינע דעבאטע בעטהייליגען.

§ 10. ווירד איינע דעבאטע צו אויפגערעגט, זא קאן זיא דער פאָרזיטצענדער פערטאגען.

§ 11. אללע פראגען איבער דיא געזעטצע וועלכע ווערען דא ניכט פארגעשריבען, זאללען נאך איינפאכער מעהרהייט ענטשיידען ווערען.

## ארטיקעל 19.

### אבענדערונג דיעזע געזעטצע.

§ 1. קיין טהייל דיעזעס געזעטץ קאן אויף אירגענד איינע וויזע ווידערופפען, פערניכטעט אָדער פערבעססערט ווערדען, עס מוסס איין שריפטליכער פארשלאג אריין געבראכט ווערדען וועלכער אין צווייא נאך אנאנדער רעגעלמעססיגען פערזאמלונגען פאָרגע־לעזען ווירד, און צו דער 3־טער פערזאמלונג זאללען דיא ברידער שריפטליך צו דיעזען צוועק איינגעלאדען

ווערדען, און ווען 2|3 מאיאריטעט שטיממען דאפיר דאן זאל דאס אלס געזעטץ בעטראכט ווערדען.

§ 2. זאלטע דורך שטרייטיגקייטען דיא מערהייט דער מיטגליעדערן פיר דיא אויפלייזונג דען פעראיין שטיממען, און ווען נור 7 גוטשטעהענדע מיטגליעדער פיר אויפהאלטען דען פעראיין שטיממען, זא קאן דער פעראיין דורך דיעזע 7 מיטגלידער אויפגעהאלטען ווערדען, און פאלט דעם זעלבען דאס פערמעגען דעס פעראיינס צו, און האבען דאס רעכט זאפארט איינע נייע וואהל פיר בעאמטען אונטער זיך פאר־צונעהמען.

§ 3. אלע פראגען זא ווייט אין דיזע געזעטצע ניט פארגעזעהען זינד, זאללען נאך דען געוועהנליכען פארלאמענמארישען קושינגס רעגעלען געפיהרט ווערען.

